## פונם זעלבן מחבר

„לידער" — פארלאג „אינזיך" 1924 (אויספארקויפט)
סיסטעם און רעלאטיוויטעט אין פאעזיע
(וועגן מיכל ליכטן) — פארלאג אידיש לעבן 1927
אונדזער פיערא — פארלאג אידיש לעבן 1927
מסעות פון לעצטן שאטן — פארלאג באדן 1936
אידישע קלאסיקער־פאעטן (עסייען) — דערשיינט אינגיכן

מיט גרוס,

יוני 20, 1936
ניו־יארק

<u>נ. ב. מינקאָוו</u>

# מסעות פון לעצטן שאָטן

(פון דער עמאָציאָנעלער קאָמעדיע)

פאַרלאַג „באָדן"



ניו־יאָרק, 1936

# א י נ ה אַ ל ט :

ערשטער טייל:

## אין לאַנד פון געבורטן



צווייטער טייל:

## אין לאַנד פון וואָרצלען

## דריטער טייל:

# אין לאַנד פון אָפּשפּיגלונגען

די „מסעות“ שטעלן מיט זיך פאָר די וואנדלונגען פונם לעצטן שאָטן, וואָס איז געווען פארמשפּט צום אומקום און צו פארשווינדן פון דער היסטאָרישער ארענע.

דער שאָטן אנדעקט און וועקט־אויף אין זיך דרעמלענדיקע לעבן־שטראָמען, וואָס פירן אים צו יענער גרויסער סאָציאלער וואָר, וואָס פארענטפערט אמת, יושר און גערעכטיקייט. וועגן דער דאָזיקער וואָר האָט ער נאָך געחלומט אין זיין פריערדיקער עקזיסטענץ, ווען ער פלעגט אויפלויכטן אין זיין דריי־פּנימ־דיקייט. ער איז דאָס געווען „אונדזער פּיעראָ“, דער קרומער שפּיגל פון אונדזער צייט, וואָס האָט אנטפּלעקט די דריי אָנ־בליקן: 1) דעם אונטערוועלט־מענטש („קיד־קארטער“) פון גייסטיקע אָנהייבן, דורכגעוואונדיקט מיט מעסיאניזם. 2) דעם פּאַרעטער פון יעדער אידייע אין איר אָפּגאנג; און אי־דייעס בייטן זיך אין אים ווי אין א קאָשמאר. 3) דעם פּליאַסקעדריגע (אומגעלומפּערט און היסטעריש), וואָס וויל מיט דער הילף פון פארווירטסטער און טיפסטער בענקשאפט זיך דערשלאָגן צו שטרענגקייט, ריינקייט און פּינקטלעכקייט, כמעט פון א ספּינאָזישער סיסטעם.

„אונדזער פּיעראָ“ שטארבט, צעריסן פון זיינע בענ־קענישן, צאנקענישן און דאָרשטן. זיין טויט איז פול מיט פּיינלעך־הויכע מאָמענטן און „ריטערלעכקייט“, „עסטעטישן כישוף“ און גאָלגאָטע. מען ברענגט אים צו קבורה מיט אלע זיינע אומצייליקע שאָטנס צווישן צעטומלטע און קאטאסטראָ־פע־דערווארטנדיקע פעלקער. זיין לעצטער שאָטן, אָבער, זיין אמתער גרונט־קערן, פארבלייבט אומבאמערקט און, אזוינאָך, ניט באגראָבן.

דער ווילן צום לעבן און זיך צו מאטעריאליזירן אין א פולבלוטיק געשטאלט צווינגט דעם לעצטן שאָטן זיך צו פארנע־מען אויף נייע יסורים־וועגן: דורכן „לאנד פון געבורטן“, דורכן „לאנד פון וואָרצלען“ און דורכן „לאנד פון אָפּשפּיג־לונגען“, וואו דער קערן און טרוים דריקן אויס די „מסעות“ פון אונדזערע טעג.

# פינצטער געבורט

דורך כּתּ־הקלע : —

— דורכגעפּרעסענער אין פּראגעס —

דער גוף —

פון לאנג צעתהומט,

אָן אָנדייט פון א טויטער חתימה.

ווי אַלע זאַגאַס —

בלויז א תוהו פון אַן אָנונג,

ווי זאָטן —

בלויז אַן אויסדוכט פון א סימן.

דער לעצטער ווינט —

פון לאנג צעגאַנגענער אין עטער,

פאַרגעסונגען—

אַנטגראַניקט

דורכזיכטיק און ריין,

און וויסטע טרוימען —

ניט קיין רמז פון קיין געטער —

אָן רוים,

אָן צייט,

אָן זין,

אָן מיין,

אין וואַקסנדיקן חלל —
פאַרלאָשענע מיראַזשן פון מצבות,
אַ פּנימלאָזער פלעק —
וואָס שלומערט און איז שטאַר,
פורעמט זיך אין גלייזקייטן —
אַ געבורט דורך שיבה׳ס,
אָן רוים,
אָן צייט,
אָן זין,
אָן צער.

און ערגעץ,
חלשט־אויף
אָן אומפאַרשטענדלעכקייט
פון אות,
— אַ ריר,
וואָס זוכט
און ווייסט ניט וואו —
די חתימה;
און וועט אַ צופאַל
ברענגען
פלעק און ריר
אין פורעם פון אַ מענטשן־כּום?

און וועט ווערן
רוים
און צייט
און אָנדייט פון אַ סימן ?
דער חלל וואַקסט —
אין ווייטן איבערגאַנג
מיראַזשן
גיסן זיך אין פּנימלאָזן פלעק,
אַ הויכע ווייטע העפטונג
לאַנגזאַמט אין אַ פאַנג
פון אַ געבורט,

וואָס איז נאָך ניט קיין שרעק.
און אויסגעהוילט
אַנטהוילט זיך
אָן אַן אויסזען אַ געשטאַלט
און ווערט
און ווערט ניט אין דער לער,
און רואיק רוט,
און בויגט זיך טיף ארויף,
און לאַנגזאַם פאַלט
אַן אָנדייט,
וואָס איז רוים
און צייט
און פינצטער געבורט.

# אין בליטן פון גורלות

פון אות — — — — — — א בליץ,
אנטפּלעקט פאַרפרוירן פון אין־סוף;
פון הארץ — — — — — — — א היץ,
וואָס שטייגט אַריבער דעם אנטשלאָפטן שלאָף.

און טיף אין חלל פון דער היץ
צענפּאַביק זינגט
אַ מילדער שווערד
און שלאָגט פון זיך אָרביטן ליכט,
און פון זיין וואקסנדיקער לענד —
יסוד פון ערד.

אַ ווילדע שטילקייט יערט
אין ווייסערדיקער שווערמוגג,
אין פייערלעכן שווידער —
שטומע קולות
פון אַ סוף׳לאָז געבורט,

און איבער זיי —
פון עק צו עק געבויגענער —
אַ שאָטן — שיקזאַלפּול —
מיט הויכן זין באַגורט.

און לאַנגזאַם שפּרייט זיך אויס אין אים
די פּראַסטיקייט פון בליץ.
און לאַנגזאַם שטייגט ער שאַרף אַריבער
דעם אַנט׳סופ׳טן שלאָף.
און דורכן פריידן־שווערד
גייט דורך
זיין פינצטערנ̇יש
פאַרשטאַרט,
און מיטן בליענדיקן שווערד —
צעבליצט אין בלענדענישן
פון אין־סוף.

און אשיק־בלוי —
אין מיט פון וויקלענדיקע ליכט־אָרביטן —
שלאָגט ער פון זיך
אַנצאַליקע מחיצות,
און זוכט באַזינונגען
אין בליטן פון גורלות
און זוכט פון זיין אמאָליקער געשטאַלט —
אַן אָנונג פון אַ ניצוץ.

און ענדלאָז זייִנען אַלע פּרוזדור־פּריוון,
ענדלאָז —
שאָטן־זוכעניש
פון אַ פאַרלאָרענער געשטאַלט;
פּלוצים
ביי די שאַרפסטע שניטן:
„איך בין — אַלע מיפן".
דורך בליץ און שווערד
מחיצות און אָרביטן
בלאַנקט און אשט אַ שאָטן
אָן אַ האר־געשטאַלט.

# ריטואַל

רויך פון קברים עסט דעם רוים,
פּלייצט מיט אַלע מתים־וועגן,
וואַקסט אַ טויטער טראָן אין שוים
פון קוואַליקע גיהנום־ברעגן.

פּלעמלעך, בליציקע מיט סוד,
פירן אַלע מתים שווערן,
אַז אויפן טראָן פון דעם יסוד
וועט מען פאַרגיין אין טיפסטן הערן.

דער רוים צעשפּרינגט אין ווינטן־ווענט,
צעתהומטע בעטן, שווינדל־לאַגען;
און ס'נעמען־אויף די טראָנען־הענט
די מתים, מיט אַ גלייכגילט־וואָגען.

פאָספאָר־ליכט פון הימל־זמנים
חושכט־אוים דעם שם משיח,
כוואַליעס שרפים און אופנים
טאָפּיען־אויף דעם שאָטן־שליח.

ווער קומט פון דורות זיך באַפרייען ?
ווער וועט אַנטזיגלען יעדן סוד ?
וואו האַלט זיך אויף דער גרויסער רעיון
פאַראייביקן דעם חטא פון גנאָד ?

און ס׳ציטערט־אויף אַ ווילדער שווערד
און פון זיין אינגעווייד — אַ קול ;
לויפן הימלען, פליסט די ערד
איבערפולט — דער יאָמער־טאָל.

מיט דראַכנס שלאָגט דער טויטער טראָן,
ס׳בליען ביטער וואָרט נאָך וואָרט :
פאַרנעמען גזר פון דולן קאָן
פאַרגיין אויפסניי אין מענטש וואָס קלאָרט.

פון שליחס מקום ברענט אַ פלום,
צעמעסערט דורך נסיעה־ספערן,
שוועבלט אויך זיין חלום־פּוס,
צעשפּרינגען טריט אין מיילשטיין־שטערן.

אַ זכר בלאַסט אין שלאַנג און לאָגאָס,
אין ביינער וויינט אַן עצם־ווערט,

דער לענדן־בלי — יסוד־השגות,
אין גרונט פון נס — יסוד צעשטערט.

אין גוואַלד צעשרפעט — קאָשמאַר־טראָן,
נאַכטלאַנג פּלאַצט דער שטומער נדר:
„אָן אויפלעב", — צייכנט מתים־קאָן;
„אָן שכר", —צעפּאַלט דער גרונט און סדר.

מיט וואָן, פון טראָנען־אונגעציפער
גיסט זיך איבער ס'שאַרפסטע האָפן,
ברענט אין שליח סוד און שיפער,
וואַכט ער ווילד אין לעצטן שלאָפן.

נעמט פון זיך דעם טויטן קערן,
צעזייט מיט ברכה און מיט אַש,
צעשפּיזט פון אים צעשפּריצטע שטערן,
רייסט־אויף זיין ראַם אין אַ מיראַזש.

ניי־מענטש אין מיראַזש געבאָרן,
דורך וואַנזין — שטאַרק, דורך צוואַנגען — פריי,
שניידט די זמנים, קירצט די יאָרן,
וואונדן, קללות און באַניי.

היסטעריע תהומט אין שטאַרקסטע ווערטער,
אויפּרעג אין אַ דיסציפּלין,
שאָדן־פרייד אין מילדסטע ערטער,
זונט דערעסנקייט אין ספּלין.

זעצט די שעה מיט פּראָסטע רייד,
זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט — אין שלייף,
שווער דערמאָנען גרונט־מיין, לייד,
פּלאַצן וואָרצלען, יעדע רייף.

פאַרחתמעט טראָן מיט שאָטן־גלאָריע,
מיט קברים־בליט — דעם נייעם נאָמען,
קוים רויטלט מזרח — שפּינוועב־אַלעגאָריע,
און שוין צעשאָסן אין מיליאָסן טאָמען.

מיט זיין לערקייט — זוימט דימענסיעס,
מיט גסיסה — בליצן פון זיין שטים,
פאַרווישט דעם טראָן אויף אַלע טענסיעס,
פאַרשווינדט אָן מערקונג פון זיין גרים.

# ביי דער נענענדיקער שוועל

וואו זיינען וואו די וואונדערלעכע לייטער,
אָנשלאָג־מאטער צו גיהנום־טרעפּ ?
דאָס שטייגן אונטער בליציק־דראָענדיקע קלעפּ,
דאָס שטרענגע שטייגן פון איין מיתה צו דער צווייטער ?

און וואו — חלומות, — זינלאָזע קאָשמארן,
מיסטעריעס בלוטיקע אין הארץ פון נייע שעהן ?
זאָל זיין געדאַנק — דער נביא צווישן לאנג שוין טויטע קראָען,
באווייז זיך, מאָך, פארזיגלער פון געשטאַנק און שלום פון אלע שארן.

וואָס בלייבט אַן אָפּשלאָג שוועבנדיקן, אָפּטריניקן שאָטן,
אין טיפער טראכטעניש פון ווערים, וואָרצלונגען און ווערן ?

אין זעל — רעיונות: צוקונפטיקע זאַטן,
וואָס זוכן צוועקלאָז ווערטער פאַר אַ נאָמענלאָזן קערן.

אַ ווערטער זעלטענע,
איר שליסלען פלוצימע פון אויפגעבליצטע בראָמען,
וואו טיפּט איר, ליגנם ביטערע און קלאָרע?
אויף געבורטן פון אַ זעל אַן אַלטער שטראָמען
לערע ברכות פון אַ טויט אַ וואָרן.

אין אייביקייט — אַ נערוון־אָטעם אויך באַשערט,
אַ טויטער קערן, וואַקס ניט אין דער זעל,
אַן אומשולדיקער שאָטן, וואָס צו מתים גאָר געהערט,
זאָל פאַרשניטן ווערן ביי דער נענענדיקער שוועל.

# יעקבס אומקום

גיהנום־שרפות רייטן
אין ווילדקייט פון שווארצע טייפונען,
קלאָגט פראַמעטעי דורכן מדבר:
„מיין זון, האָב איך דיך געפונען?“

פון אונטער וואולקאַנען — קולות:
„מיר וועלן באַפרייען פון מאַרך־שוויים און וואונדן.“
ענטפערן טיפן פון ברונעם:
„ער שטאַרבט אין אונדזערע שלונדן“.

שלאַכטן נענען צום ברונעם
טויט און ברכה צו רימען,
זידן פון מאָרד־שפּורן תפילות,
וואָס הידרעס און שלאַנגען פאַרקרימען.

און אייביק די שטומקייט פון מדבר:
„פארלוירן מיין זון, — און געפונען."
לויות צום ברונעם־מזבח
בימערען אין טיף פון טייפונען.

לאכן מחנות שאקאלן
מיט שפּאָט, מיט חרטה, מחילה.
ברומען טייפונען: ער לאיגט,
דער מת פון שלום און תפילה.

„ער פאלשט מיט הימלשן מעות
„פאר צוקונפטן קיינמאָל דערפילטע,
„ער שטארבט, — און שטעקט־אָן מיט טעות
„די גרונטן קיינמאָל געשטילטע".

פלוצים מערט זיך זיין אָפּבילד
אין פייער, אין שלאכט, אין קרעם:

יובלט פּראָמעטעיס שטים ווילד:
„מיין זון, מיין פּרוכטבארער מת“.

צעשלאַכטיקט, צעשלונגען, צעווינטיקט
פּראָמעטעי — אין גיהנום־רויך;
טראָגן פּאָספּאָר־אָדלער
בלוטיקע שליסלען הויך.

„מיין זון, די גרונטשליסלען דיר,
„דעם סוד פון קנעכטשאַפט און שאול“.
זיפצן־אָפּ מערדער־געטער:
„מיר שטארבן געלאסן אין גרויל.“

פּיקען די נירן און לעבער
גסיסה־קאָשמארן פון נס;
פון אונטער וואולקאַנען — קולות:
„ס'לעבט־אויף פּראָמעטעי אין דעם מת“.

„זון, דו לעבסט אין דיין טויט
„און בליסט אין גרויזאַמסטן טעות,
„דער פאַקעל קריצט בלוטיק־רויט
„אין האַרץ פון טייפונישן מעות“.

לויכטן און לעשן זיך לענדער
מיט בלוטיקע שרייער און קלוגע,
שרפענען, שינדן די גרינטלעכסטע טעזן
און ווערן אַליין משוגע.

פון אונטער וואולקאַנען — קולות:
„מיר ווען באַפרייען פון מאַרך־שוויים און וואונדן.
„געשטאָרבן אין ברונעם פון מדבר
„און לעבט אין אונדזערע שלונדן“.

גיהנום־שרפות שטאַרבן
אין טויטע שוואַרצע טייפונען.
קלאָגט פריידיק אַ גאָט דורכן מדבר:
„מיין זון, איך האָב דיך געפונען“.

# וואָרטלאָזע טרעפּ

לעשן זיך — אין שאָטנדיקן וויסן,
האָרכן — דאָס שלייען פון אורן,
דערהערן שיקזאַלן דורך יעדער טראַכט,
און שטענדיק פאַרלירן דעם מיין.

טרעפּ פון יאָרן — אָן באַדויער לאַנג פאַרגאַנגען;
טרוים איז קיינמאָל ניט קיין טרוים געווען;
וואָר — אויסגאַנגלאָז געפאַנגען
אין ווידמונג פון שגעונס און פון בלינדן זען.

לייטער־שפּיגלען אין שפּרייטונג־ווירבל
בליצן אױים פּיבעריש רעפלעקסן
פון אומאויפהעריקן אויפברויז
אין צישנדיקער מערונג פון טרעפּ.

אָ, פאַרהאַלט ווער ס'ווייט־צעוואָרפענע ברוכווייזע שטייגן
אונטער בלוטיק־צעשפּריצטע אויסרייד,
דאָס שטענדיקע אליינמאָרד־זינקען
צווישן שווינדלענדיקע טורבינען־קעפּ.

הארצקראנק, טרוימסאמיק — סאַרא בייזלוסט;
ניין, ניט מיט שנאה, ניט פאַרדריסן.
פּרוזדור זידט־דורך דורך שטאַפּלען,
גיהנום — דורך זיגרייכע טריט.

טרעפּ, צעשמעטערטע שלאַנג־פאַרעטער,
דורך קרייציקונגען — שליסן־צעשליסן:
מאַסקירן זיך זיניק, זעליק
אין גליק, ספּאַזמען און שניט.

סאַרא באַשייד, אין כאַאָס־אומוויסן,
ווי צו ניכטערן שטרענג און קלאָר?
און דולדן מאַרטער־ריסן
פון חלום, וואָס איז דולע וואָר?

זיסמוט? — זעל־נאָדל רגע,
אירליכט אויף וואָרטלאָזע טרעפּ.
פּלוצים — עפענען זיך שרויפן:
אויף־אַנגסט, אש און קרעפּ.

און אַלצדינג — ניין, ניט אויסגעלאַכט,
נאָר זיניקלאָז — אין קלוגסטן מוז.
באַוויינען וואָס? — ווי גרינג,
און סאַרא רחבותדיקע, פּלאַכע זיס.

און מיינלאַז — די געמיינסטע גרויל.
און טרוים ? — אויפגעריסענער גיהנום־שליוז.
און אמת ? — ניין ניט אויסגעלאַכט
די חניפה צו דעם שטאַרקסטן פויסט און שפּיז.

צו וואָס ? ....... פאַרוואָס ?
דאָס ניכטערן אין שיכורדיקן וויסן ?
דורך יעדן שיקזאַל —
געטלעכן און גאַלן ?

מיט צוזאָג מאַטערט גליק,
ווי אָפּטריניק זיין פּליסן
אין גרויזאַמען רואינען־אויפשפּיל,
אין טויט־באַרואונג ריטואַלן.

אין טיפער לער פון טריט,
אין ספער פון וויסטע אַנונג־אָטעמס
גייט איבער ס'שטיל־פאַרנונפטע טראַכטן
אין דעם אויפקלער פון קאָשמאַרן.

און ס'פייניקט זיך אַ שאָטן־זעל
צו אַנקערן אין כאַאָס־שויס,
און יעדע ווירבלדיקע קעפּ־טורבינען־שוועל
לאַשטשעט, שניידט און צווינגט צוריק אין ברויז.

# דוכטעניש

חלום־לייטערם
שטראָמען אומדערמידלעך־לאַנגזאַם
איבער רייען קיל־פאַרזונקענע
פאַרגעסענע געזיכטער.

לעגענדע־שאַיניק:
אויסגעריסן־וועלקע פּנקסים־בלעטער
רואיק־ווילד
געטאַשט
אין מיט פון שטילע אויסשפּינונגען
פון מענגעם־מערנדיקע
אַלט־געשאָטנטע
אומפאַרשטענדלעכע געשעענישן.

אין טויטע פליסטערגרוסן
ווערן רוימהאַפט אויסגעשפּרייט,
מיט סם־געלייטערטקייט
אין אויפקרייז־לאַנגזאַמע־באַוועגן,

מיראזשן
פון איבערפאל־שלאכטן,
תליות־ריטואלן
און באטרוגן.

פארטיפונגען
ווי אויף אייביק שוין פארלארן,
זוכן,
אין מאטערדיקע שלאפהייט־שטראפן,
אויפצולעבן
אנטהארצטע קערנער
און אויפזיגלען
שטומע ליכט־געדוסן
פון א הילפלאז־פארשאטענעם
קאשמאר־פארוועבטן וועג.

פילפנימדיקע שטומענישן
שווימען־אויף
רעגלמעסיק,
דערשיטערונגען;
שטילן־איין
האפנונגלאזן קומער,
געפעלשטן יום־הדין.

מיט ווילדע
באַדויערדיקע שמייכלען,
אין גאַנג פון סוף'לאָזע לויות
פאַרווישן זיי
דאָס גרייזיקע סומירן
און פאַרשטיין.

הימללאָז,
אָן שפור פון טרייסט,
דאָך שטרעבלעך־זים
די עכאָ
פון אומאויסשפּרעכלעכע פאַרלוסטן.

און ס'שטייגט לעטאַרגיש
אין געזוכטן טויט
אָן אומרויש רופולער
אין אַ פּוסטער דוכטעניש.

# דער וועג

ווען רעטונג־זעגלען קומען,
איז גאָר גרייט די מטה.
צעבליצטע נערוון שלאָפן
אין דעם איינגעשטילטן מבול.

דאָס מיילנווייטע שוימגראָז זיפּצט
און אנגסט מיט מארבן־ליכט אין קרעסטן :
דאָס איז אַ וואסער־וואלד געשוואָלענער אין בראָיד,
וואָס זענגט אין מיתה־טרעפּ פון שפּיזן טוי.

עס טראַכט נאָך זינלאָז בלויז דאָס הארץ :
האָרכט שארף ביז טויטסטער אנגסט
און אָטעמט־איין די פאלשסטע טויבן־ריר,
און האָט אליין ניט וואָס צו זאָגן.

פליען פולסן־טריט אפער.
זיסן חניפהדיק צו זיי — בריאיקע רואינען.
דורך צעשטערטע קנופּן און האפטן
פארלירט זיך אין בלוט דער וועג.

# חורבות

אוועק די טעג פון געטלעכער פאַרלוימדונג,
פון קלאָרער כיטרעסט נידערט אַ געשאַנק.
בלויען שטייגנדיקע רעלסן און הארמאטן,
שפּיזן־שטערן אַקצענטירן יעדן גאַנג.

דאָס פאַלשע מויל היילט לאַנג־צעשטויבטע טרוימען,
זעלטן־זיסע שורה בריט מיט שלומער און פאַרדראָס,
יעדער ווילדער אויפריים פאַנגט מיט גוואַלד זיווגים
און פירט זיי שווידערדיק און צאַרט דורך מילכעדיקסטן שטראָז.

ס׳מעג לאַכן סיי־ווי ס׳האַרץ פון יעדער פרישער דראָונג,
פאַרטראַכט זיך בלויז, ווען אומגעלונגען שפּיצט דער טויט פאַרביי.
און גראָבנס אויפגעריסענע און שטשירעדיקע חורבות וויטען,
און שכינה היט דאָס פאַלשע וואָרט געטריי.

ס׳בייסט־אויף ווידער. איצט אַ הינטישע פאַרלוימדונג
אין כיטרעסט בייט עמבלעמען אויף דער שלאַנג.
אויף שאַרפע רעלסן שטייגן שאַרפע טאַטן
בייזע שטערן אַקצענטירן יעדן גאַנג.

# דורך הייליקע נעגל

פארחלומטע טריט
פון טראָנען
קלאָען אין טיפן
אוועק,
שקלאַפּישע נאָך־שניט
פארטאָנען
מיט ריפּן
זיסן שרעק.

ווייט־אָפּיק לאַנד
שטאַיגט
מיט פּלוצימע קולות
„אָבי“,
קרעציקער שטראַנד
לאַיגט
מיט פּסולת
פון שטאָלענעם נביא.

ניי־נאַזאַרעט
צעשימלט
בלוטיקע טויטע
שטערן,

מסירה־זעט
שווימלט
געבויטע
לעבנס אָן טרערן.

אויפריכטן קריק
ס'צעפּאַלן
פון יעדן גאָט
דורך גופים,
האסטיקט די בריק
מיט שטראַלן
אין טויט
פון אַלע סיגופים.

פּלוצים — ווענט
צעשפּיגלען:
אָט שטאַלטיק — אָט מתים
צופוסן;
ווי קומט עס — בלוט־הענט
אנטריגלען
טיף־אומדערמידלעכע
גרוסן?

# עלעקטרישע מתים

(סאַקאָ־וואַנזעטי)

הייבט זיי הויך
פילשטראָמיק הויך
ברעכט זיי לאנגזאַם
הייליק
אין לעצטער געהיימניש פון נאַכטמאָל

שפּליטערט
שפּליטערט אָן אויפהער
צעפּלייצט זיי
דורך אַלע
קאָלאָנעס        רייען        נערוון
צעזינקט זיי גראוו        סמ׳יק
צעזאַפּט זיי
ווערטערווייז
בליצנווייז
ביז די פאַרלאָרנסטע שלומערן

די צוויי מתים ברעכן־אויף
זייערע מיליאָניקע ליכטיקע הענט
צעוואָרפן ביז די פאַרבאָרגנסטע
בוידעמס        שוועלן        קעלער
אונטער הילכיקן בראנד פון
ווענט        דאמבעס

נאכטזון אויסגעצויגן קרומט־דורך
די בראָנזענע הינטערוועגן
שאָטנט דערשראָקן אין פלאָנטער פון
דאָרשטיקן ווילדגראָז און אייגענע וועלקע רייפן

ווער האָט אָפגעטאָן דעם בלינד־באנד
פון דער נאכטיקער יוסטיץ ?
ווער האָט אויסגעלאָשן איר ראיה ?

פון דער צענטראלע הייבן זיך
פון צעעפנטע טאָרפעדאָס
רויטע סנאָפעס
אין דעם בייטנדיקן שפיל פון
מיליאָניקע פראָזשעקטאָר־הענט
ס׳פארקרייזן זיך פאר זיי
מארטער־געצייג      געווער
טורמעס      קאָמיטעטן

הערט־אויף
הערט־אויף
דערלאַנגט די פראָזאאישסטע פראָטאָקאָלן
לאָזט לויפן אלע
דיוויזיעס      לאבאָראטאָריעס      וועיקן

הייבט זיי טיף
הייבט זיי הויך
האַרץ־פּענצטער זעל־טירן
בלוט־שטערן פון
ראַסע פאָלק קלאַס
און אין זיי אַלע האַרץ־פלאַמען
אין האַרץ פון פלאַמען דער
אוקיינוס
אין זעל פון אוקיינוס הענט
אויף זייערע כוואַליעס
הייבט זיי טיף
אין פולסטן צויבער־גאַנג
הייבט זיי הויך
די צוויי פריידיקע עלעקטרישע מתים

גיהנום־שאַרן
פּלאַצט
בלוטן פון עקסטאַטישע ווערטער
פּלאַצט
אָן ווידוי׳ם אָן צבאות
גאָט מאַרס דאַנק אָפּ
פון נידערן אין טיפע שטראָמען
געלאָזן פון גנבים און באַטריגער

נעמט אַראָפּ דאָס לעצטע מעסער
פון דער זשאַווער־געוואָרענער וואָג
ווייסט וואָס צו טאָן
געזעץ איז אַ שלאַנג
סם איז איר גנאָד
אָ פֿאָלק, דורך מת'ישן פֿייער
איז לעבן בלויז אין דיין האַנט

טאָ הייבט זיי        הייבט זיי
איבער אַלע צעברענטע קרבנות
דורך אַלע לייבן־, שעפּסן־גלאַנצן
דורך אייזערנע גליקלעכע ציין
דורך הערצער        לענדן
וואָר        כימערעס
הייבט זיי הויך
הייבט זיי פֿילשטראָמיק
הייבט זיי אומפֿאַרגעסלעך

# די מוזע שפּאַט

פון אַלע גרענעצן,
פון אַלע וועגן,
שלאָגט אַ פּייער־בליאַסק
פון אַ יונגפרוים שטרענג געזיכט.
דער שמוק —
אַ בראַונינג און אַ שטיק:
דער הינטערגרונט —
כוואַליעס מערעשקעס
אין צוויק.
מיליאָניק רוישט פאַרצווייפלט פלאַמען־וויר,
און אונטער אויסגעגלייכטע קנאַפל —
טויט
היינעס לעצטער גרענאַדיר.

אַמאָל —
די כאָרן־אָדע פון די טריט
האָט שטערנדיק מיט שניי־מאַסקעס געהאַט געזונגען
צו דער אויסגערייפטער פּרעכטנדיקער דאַמע

און אומפארשטענדלעך האָט די אומבאַקאַנטע
פריידלאָז זיך געלאָשן אין סאַטירן־צונגען
איבער קלויסטערס, גאַסן און קאַפּייען.

אומשולדיק גערירט פון זינען אַלע טרייע ריצער,
פּאַרדעקט מיט גרינעם פירמאַמענט
אַ כאַאָס פון ברוטאַלע בילדער,
און געלאָזן ווידער פּיינלעכן
אַ וואונטש,
אַ טרוים
אין טויטער אייביקייט.

אַזוי געוועזן —
גרענעצלאָז
מיט יעדן גרענעצדיקן פּנים.
די לירע האָט, צעשפּליטערט, אָפּגעדאַנקט:
מיט לעצטע גלימצן פון צעשטראָמטער מעדיטאַציע.
די סקריפּנדיקע לירע —
געבליבן שפּינוועבס ווינקלדיקייט, באַשמוצטער
דאָנקיכאָטן־זשעסט,
געבליבן עכאָ־ציטער פון אַ זעל, איר וויסטע נעסט.

אין פּלאַטאָס הערשאַפטן אַ פליכטלינגע:
די אומפאַרשעמטע מוזע שפּאַט
און ווייס אַליין ניט וואָס
און זוכט די שוועל פון אייביקייט
דערטרינקען אין איר גאַל:
שפריצט מיט בלוט רמזים פונם זוהר
און לאַכט פון הימלליכט.

ביי יעדן בייט פון איר געזיכט,
פאַרשלינגט איר אַ טיפערער טויער.

דער באַנד — געשריבן ווערן ווידער
און טאָגבלינד קריכט אריין דאָס הארץ
אין וואַנזין־יאַק.
געפּאַנצערט און מושטירט
באַוועגט זיך זעל
און פרוכפּערט די עראַטאַס און אדענדאַס.
שלאָף איין, דו טרוים, ביסט בלינד,
און וואָר אַרבט אין דיין נאָמען אונדזער ליד.

די כאָרן־אָדע פון די טריט,
דורך אַלע וועגן,
צו אַלע גרענעצן,
זינגט אין פייער־בליאַסק דעם שניט,
דעם אויסגערייפּטן פּאַקט
צו דער יונגפרוים שטרענג געזיכט;
בלויז דער שמוק ——
אַ בראונינג און אַ שטיק,
אין הינטערגרונט —
צעאַשטע מערעשקעס
אין צוויק.
מיליאָניק רוישט דאָס שווייגן פון באַשיצער,
און אין יעדן שווינדנדיקן ליק
טויט
אַלעקסאַנדער בלאָקס, דער פּרעכטנדיקער דאַמעס, ריצער.

# די גסיסה פון לעצטן שפּור

רעפּערטואַר, מיינע הערן,
דאָס בין איך
איך — אַלאַדין.
אך וועגוס, נייג זיך. קני, גאָטיע.
איך בין אומגערעכט און מיאוס?
אָבער פון צווישן מיינע לענדן
פליסט גאָלד
און איך באַוועג
אַלע סטרוקטורן.

ענלעך צו מיין פּויסט
איז די זון אין
מאָרגנבראַזג.
מיין טיפער שכל איז מיין בישוף־לאָמפּ,
מיינע שטראַלן רייסן יעדערן פּאַנאַנדער
אין מיט פון זיסטע און גערעכטסטע מעשים.

ווי צאַרט, ווי איידל ס'שווימט־צו
פון ריינסטע קינסטלער אויסגעפירט

אן אוניקע פייגנבלאַט
פון מיר, אַלאַדינען, אנזאגט
באַדינען מיין סופּרעמע נאַקעטקייט.

סופּרעמע נאַקעטקייט — וואולגאַרער קאַרל מאַרקס,
דערזען דעם דרויסן, — איז דען די „פּיקטשע" אזוי מיאוס ?
אך פלאַטאָ, פלאַטאָ געטלעכער...

די פאַרפלוכטע רעזשיסאָרן שטופּן אַלעמאָל ארויס
די מאָרבידסטע און די שטאַרקסטע העלדן.

„בראַוואָ, בראַוואָ, אַ דאַנק,
יאַוואָל, ס'איז צימלעך און ס'איז צוואַר,
וויסנזי, אין אַ ווייכער לאָזשע."

מיין „ספּעשל" העלד קאָן ווייגען זים.
ווערט קינסטלעריש פאַרשרפּעט
און ווי אַ 14־קערעט טרוים דערווייטערט
מיט דער מיסטיש־אָפּפאָרנדיקער ראַמפּע :

„אויף די דעבער שלאָפן זונען,
אויף די ראָגן שטאָט־מיליץ,
קרייען־אוים וועלף דעקרעטן,
גלאַנצט אין בלוט דער ראָטהויז־שפּיץ.

לילית איז מאַדאַם פּאָן־קרעזוס,
ציט זיך אוים אין פוקסן־בעט :
— אך, וואו איז מיין אינגלינג אויסגעכאַפּט ?
כיכיקען זאַלן (באַס, פאַלצעט).

רוישן זון־באַשפּריצטע מענטשן,
נאַקעט און אָן ווינדעלעך.
— „פירט זיי, פירט זיי, פירט זיי."
— „וועכטער פון דער נאַכט,
וואוהין ?"
— „אַך פּלאַטאַ, פּלאַטאַ געטלעכער... ?
— „איבער אַלע שינדעלעך."

— „הענגט אים אונטער אויף דעם סלופּ,
לעצטע מויז פון קאַפּיטאַל" —
— גוואַלד, אידן, מאַהן וואַהב", —
— „אוֹאוואַ, קיקטצנורון דעם פּיעדעסטאַל."

— אַ כאָלעריע, ס'איז מיין פּילאַט אין נאַצי־העמד".
— „אַט גיס איך סם אויף מיינע הענט."
— „הורא, הורא".
— „ענטפערט, מיט גוטן ענטפערט, תפיסה־ווענט."

— „מיינע הערן, שפּיזלעך פון אַלאַדינס קרוין
צעשפּריצט אין דינאַמאָס און טורבינען,
ביקאָז".
— „ביקאָז אַי לאָוו יו",
— ראַטעוועט זיך, בורזשנהינט
מיט סקאָרפּיאָנען און מיט שפּינען"

— „אך, אלאדין איז א כוס“
— „אך, טשטאָ ווי, טשאָ ווי“
— „איי־איי־איי, אלאדין איז אַ מאָס“
— „דו, דו הינטערשער זון“
— „אך... זאטשעם עטא נאָטש...
— „אך, אנטשולדיקט, ניט דערהערט,
אלאדין איז א וואָס?
א וואָס?
א וואָס?

— „יאוואָל, יאוואָל, ארבייט מאכט דאס לעיבן זיס,
זאָ שלעפן זי דעם צאָפּ פון בעט צו בעט
צו פּרוכפּערן מרידות,
טאָ דערלאַנגט ס'פּועזיע פון געבורט“ —

— דעקרעט: קליידער טוט אים ציץ מיט שפּיץ,
קרוין און שפּאָטן־מאַנטיע,
וואָס מער קנעפּלעך, הוק און שטיץ,
כדי אַרופּראַהסן ס'גאַלאַנטיע. —

— „ברידער אויפדעקן דאָס פוקסן־בעט
און עפענען די היליקע ביינער
ברענגען שנעל דעם פּרוכפּער־צאָפּ
אים אויסהאַקן די ציינער.

— „ווייל,
— ווייל איך בענק...“
— „יאָ־יאָ, ער בענקט, וויסנזי“,
— „זאָ־זאָ, דענקס, דענקס.“

— „געווען בין איך אַ פּראָסטע דינסט,
אַ יאַטיכע בין איך אצינד,
געווייכט פון מיר און איצט געפינסט
דיין מוזע, זין,
דו פארך, אין מיינע זינד“ —

— „דער ערשטער בירגער ז׳געווען אַ גנב,
דער צווייטער אַ קאַדעט,
אַלאַדין און זיין הונט צעאַשט
אויף זיין גסיסה־בעט“ —

— „פראַנצים דו הייליקער — אַלאַדין?
אפשר — אליהו התשבי?
אָט אַ פּנים אנדערשט ס׳פּנים,
וואָס איז דער לעצטער־לעצטער גלי?“ —

— „ציט אוים די לידער און די טרייסטן,
רייניקט־דורך דעם גאָלדן־סם,
טייכן טרערן, שטראַלט מיט גליק,
שוועלט־אויף כאָרן, פון טיפסטן ים“. —

— „בלויז איין בלעזל טאנצט און פּלאצט,
טאנצט און פּלאצט אלאדין“, —
— „ניין, ניט קיין בלעזל — אַלע שרויפן,
זשאווערט, פּלאצט אלאדין“ —

— „פּאָקס וואָביסקום, דאָמינוס וואָביסקום,
אין טאָל פון שאָטנס, אויף הייליקע וועגן...“

איך, אלאדין, ווייס,
אז אַפילו פּאטראָקלעס ז׳געשטאָרבען,
פּאַרשרייבט, פּאַרשרייבט מיך שנעלער,
זעט איר ניט ווי איך בין
פּרעכטיק,
לעכטיק,
מעכטיק?
איך בין פון אַ גוטן פּאָטער,
און אַ גענטן־מוטער האָט מיך, אלבעטשע, אויסגעטראָגן,
געדענקט, איר בעסטיעס,
געדענקט, קאַנאַליעס,
אויף מיר, אויף אייך, אויף אלעמען
ווארט טויט און שטארקער משפּט.

# מרידות

## 1

אויפגעריסענע
גאסיקע קרעסטן —
פארצווייפלט —
פארציען די פייערדיקע וואָגשאָל;
זידט מען
אין טעמנע זשעסטן
צו דערלאַנגען
סם אין דער נאכטשאָל.

## 2

— פון וואָגשאָל —
מעסער־אָרביטן
זעצן
מיט נחש, עגל און שאול,
נאָר די צונג
מיט אירליכט בליטן
פאראט
די גרויזאמקייט פון מויל.

3

צעלעכערט
די וואָגשאָל־בראָמען,
די צונג
צעשאָסן אין הימל־רויגן,
קוועלן
די רויטסטע שטראָמען,
ערלעכן —
די ליסטיקסטע אויגן.

4

פון פויסטן
צעמערזשעטע שאָלן —
באהאָנגען
מיט שטערן־קמיעות, מאוואָליען, בליצן —
הייבן זיך
גלייך צו הערשער־שנאָלן
און נידערן
מיט „אומבאשטרייטבארן יושר", פראַזעס און ביקס־שפּיצן.

**5**

ו גטונג־קאָנטאַקטן
דורך וואונדן־קויט
ברעכן זיך איבער
פּאָר שאַרן פון נייער יצירה,
יושען שליסלען,
שלאָגט דאָס רויט
אונטער גוואַלדן
פון גערעכטע פאַרדריפּעטע לירעס.

**6**

אָנגעגליטע יתומים
אויסגעהאַקט אין שטאָל־יאַקעס און ציין,
אין ליבע־שעה
שפּרינגען קרייצן, וואָס זיי געבערן.
הייסע קינדער,
צום הארץ — מחשבה־ריין,
מיט געלאָדן בלוט
זייען מרידות אונטער צעשאָסענע שטערן.

# דער פֿאַרלאָרענער זאָמען ...

אין פֿראָסט

צעקלעמט,

צעראָסט אין רייפֿסטן חושכן,

ביים האַנט געכאַפּט,

פֿאַרשעמט,

פֿאַרשטעלט אין רויטלטקייט,

ציט אָפּ,

פֿאַרכאַפּט אין גרינעם מאָרגנשניי —

די נאַכט.

אַנטזיפֿצט

אויפֿגעריסענע טירן שלענגלען שרעק,

ווימלען,

שוואַרצן,

אין לויף אין איבערדריי

אין איבערשיין צעבליצט

צעשפּיצט

פֿאַרפֿירן זיך אליין פֿאַרכאַפּט

דערטאַפּט פֿון תּליות

און פֿריי־געלאָזן

אין רזשאַוון געגעץ פֿון לאַנגווייל־

פּעטליעס

און דורך זיי,
אָן א גרענעץ,
אין פאַרשאָלטענעם אין
הייסן מאָרגנשניי.

און צעטרייסלטע פענצטער,
פינצטער אויסגעפּנימט
אין פּלעמל־געווירבל פון געשפּענצטער,
צעקרייזן זיך אין פייער־שטראָמען
און זעצן באַדייטפול פון זיך
לויפנדיקע שפּאַלן
וואָס פאַלן
איבער פיבעריש־קרעכצענדיקע לאָקאָמאָטיוון
און מאָטיוון אומפאַרשטענדלעכע
„פאַרצי די שטריק
דאָס מעסער
„גלי־אויף געטלעכע
עלעקטרישע שטול
„דורך שרויף־יאקעס פון געזעץ
„דורך שיקאנעס פון אָרדנונג."

און פינטל־שטימעס נענען
גרעסערן בלוטיקן ביז זיי
פלאַצן אין גלוטיקע רויגן
איבער
ליניעס הענטלעך געדערים
נעצן און קויל־געזועצן,
און צעשראָקענע ווערים
שרייען־אויף זעעוודיק־געוואָרענע אין צעשאָסענע ווענטלאך
„הורא
„מיר לעבן־אויף"

און שוועלן
ברעכן־אויף פון שרויף
פון ראַם
און לויז פון צאַם
צעטראָגן זיי געווימלען געזועמלען
דורכן באַפלעקטן שניי
אין וויי אין שווינלאָזיקייט
פון פאַרברענטע טויערן

און די טויערן וואכן איבער זיי
און לויערן אונטער דער זיפּ פון
בלוטיקן מאָרגנשײַן

אויפגעוואַכטע פּנימער — — —
אין פּראָסטיקן נעפּל.
די קני — — —
אין פּלייץ פון שונאס פייער.
און כוואַליעם ציין שוים גאַל
פאָדערן:
„אויף אונדזערע שפּיצן —
דיין פּאָן"

און דער קאָן אין פרימאָרגן איז געלאָדענער רוים
מיט פרייד און היסטעריע
און שטאָר אין ווירוואַר פון קולות פויסטן שכינות
ציט
מערדערלעך פעדעמווייז
אַ מוטער־שטים
פון אַלע פּלאַכעם:

„לייג אַרויף דיין קעפּעלע
אויף דיין מאַמעס בעטעלע
פון שלאַכטהייזער טראַקטירן
פאָנען און שפּיזן“
און איבער אַלע קאָנען קאַרניזן
תליות און האָריזאָנטן
פירט מען פאַנאַנדער אָנצאָליקע פּנימער
דערטרונקענע, געהויבענע איבער קעפּ,
פאַרזונקעניע, אויפגעשפּרונגענע
פון קלעפּ אין וואַן פון
„הורא
מיר לעבן־אויף“

און דעפּאָרמירט
און בלוטיק
און אומדייטלעך
און שאַינענדיק
טרינקען זיך פּויסטן
און שווימען־אויף איבער קעפּ
דורך צעלעדערטע הערצער
איבער אויפגערעגטע צעאייזלטע אויערן

און שמאָק־בלינד ווערן
אין אַלע צעשרפּעטע טויערן
איבערגעענטפערט
די אויפגעב־אגאָניעס פון
געהאַנגענע נביאים:
„ברידער, ביז וואנען?“

און ס׳ענטפערן חרובע דיכן:
ביז מיר גרייכן די וואָרצלען,
ביז מיר, די צעגריזשעטע קעפּ,
וועלן דורכשפּיזן די פעלן און וועקן
און אויפוועקן מיט פייער
די וויסטקייט פון קרעסן,
ביז דער פאַרלאָרענער זאָמען וועט
אויפשווימען פון אַלע גיהנומס און אויפתהומען
דעם נייסטן
דעם קלאָרסטן
דעם טיפסטן
דעם זוניקסטן
וואָרצל.

# דער טויט פון טויט

1

הייליקע שארן, —
אומברחמנותדיק פאַרווישט.
עס שטעכט אָן אויפהער
פּליסנדיקער דופק פון א ציפער.
סאַלאָמע־טאַצן
חוזקע
צעשפּרונגען און צעצישט
אונטער הילכיקע געשפּרעכן
פון בראָנעוויק, שאָדנפרייד און שיפער.

2

ערשט־געבוירענער גינען פּרעכטיקט
ארום אַל־פּרעסנדיקע אויגן.
געשמידטע הענט ביטערן שטאָליץ
צו דער הויכער גילאָטינע.
און שנאה קייכט אין פאָלק,
בלויז פון הויכן מעסער שמייכלט זי מיט קנאה
און חלשט
אין א ווייטער שטים:
„אָ יוחנן, וויפיל קרבנות — — — —

## 3

פון שטים דאָס וואָרט —איז מאַסקע בלויז,
און טויט — דער אַלטער רעזשיסאָר ;
סופ׳לאָז שפּילט די קאַץ־און־מויז,
ס׳וואַשט־אָפּ דאָס בלוט — אַסטראַלער כאָר.

## 4

העט־ווייט פון פאָרנט די באַגנעטן,
שווימט צעזאַרדיק,
אויף שטאָלצע זשאַבעס ,
א כאַנדרילע שאָלטעק ;
און מילב־אַקטיאָרשטשינע
גאַוועהדיק מיט ניכטערדיקן זשאַוועער
לירישט
לויט דער דיסציפּלין
ווי אַ יעוונוך, א מאָלטעק.

## 5

פון די צויבערדיקסטע טרוימען
חוזקט אויך די טראַכט.
אין אַנגסטן צוקט איראָניש
ס׳גרינע בלוט
און טויטלעך זוכט ז
אין קאָך־גיהנום חושך
אַן אָרט,
א וויסטן אָרט.

און ס׳שטאַרבט דער טויט אָנ׳סופ׳יק
אויפן שפּיץ פון וואָרט.

# הערשער

און אין מוטערלייב פון דער נאַכט
פורעמען זיך אוים בייזע פייער־הערנער,
ווערן קלערער די פאַרגאַסענע בלוטשטראָמען,
וואָס יעדער פון זיי בליצט און שפּרעכט איבעראַנאַנדיק:

— איך קער זיך אום אין אמת און אין שקר
מען קערט מיך אום מיט צוואַנג און חניפה
ווייל כ'קער זיך תמיד אום נאָך יעדן מאָרדן־ברויז
און פאַרוואָר, ניט „קומען וועלן ... אומות
און מאַכטיקע פעלקער צו זוכן" מיין אומקער
ווייל אַפילו קריכעדיקע און געפליגלטע ווייסן
אַז ווי נאָר עס רויטלט אויף מאָרגן
שוועל איך אַרויף דורך דעם וועלט־באַשאַף
און גלאַנץ־אויף אַ דורכזיכטיקער אין שיין פון אויפקום־שאָטנס

ווען די מאַכטיקע באַפעלער און פירער
וואָס צעטרייבן די טאַליקע מיטינגן און דעמאָנסטראַציעס
כאַפּן זיך אויף נאָך דעם טשאַד פון אונדזער זיסן גערוך
טראַכטן זיך „געוואַלדיק־טיף" אַריין
אין זייערע „זיכערע פעלערלאָזע" קאַיאָרן

שפּיגל איך זיך פאַר זיי דורך
זונלאָז, אורשטיל און אייביק ניט־ווערנדיק
אין אַ גאָט־אָנוועז אין מענטשן־פורעמס

און ווייל איך קער זיך אום אין שקר און אין אמת
אונטער צוואַנג און אונטער חניפה
ווייל גאָט אירט אין מיר
קערן מיך צעפּייניקטע טרוימער און אומפּעלבאַרע הערשער
קערן מיך דאָרשטיק־קאָשמאַריק אום
און ווייל מיין אייגענע אַלדאָרשטיקסטע גלוסטונג איז שלוה

געפין איך מיין רייִנסטע לאַגערונג
אונטער לויפנדיקע קאָפּיטעס צעפּייערטע פערד
אין סוויסטשענדיקע פליִיציק־פלאַצנדיקע גאַז־שראַפּנעלן
און אין יעדער ענדלעכער איינגעשטומטקייט פון יסורים־קאַמערן
און איך פאַרטרוי זיך אַליין און מיין גאַנצער הייליקער אינדוסטריע
אז כ׳פאַרליר זיך מיט ליבשאַפט און חסד אין אָנגעזיכט פון
אייזערנע הערשער
מיט שכל און חיות אין צווישן־לענק פון טהרה־ליכטיקייט

און שטענדיק זאָג איך ווערטערלאָז
אין העכסטער רואיקער כונה

„און איך וועל אָפּמאָן זייער בלוט פון זייערע מיילער
און זייערע אומווירדיקייטן פון צווישן זייערע ציין"

און איך וועל ווערן איבערגעגנטפּערט
אין זייער גערעדעם־זאַפּט און אָפּפאַל
און די מאַכטיקסטע באַפעלער־פירער
וועל איך דעריבער קאָנען קרוינען
אויף די שפּאָט־קאַרניוואַלן אין די הויפּשטעט

ווייל זייערע „תרפים האָבן גערעדט נישטיקייט"
ווייל זייערע „וואָרזאָרגער האָבן געזאָגט ליגן
און זייערע חלומות האָבן באַפוילן רעדן פאַלש
און באַטריגעריש איז געווען זייער טרייסטן"

און דאַן וועלן זיי האָבן הנאה
און זייערע טשאַדענדיקע וואָפנטרעגער
וועלן מיך איינצאַמען, פאַנאַנדערפּאַסעווען, און ארומלייעכן —
ניט צו שפּייען קלעק אויף די האָרן

און דאַן
דאַן
וועלן זיי דערזען
דערזען ?
ניין, חוץ זייערס,
וועלן זיי קיינמאָל גאָרניט ניט דערזען. —

# ביינאַכט

מיליאָסן פייערלעך צעפינצטערן פאַבריקן־בערג,
א קאַלטער נעפּל אויף די בריקן ברענט,
ווייטע פענצטער שטומען ליכטיקייט אַרויס אין נאַכט
און ווייטער נאָך די רעטונג־שיפן אויפן סמאָלע־פירמאַמענט.

ווי טרוימהאַפט־גרויזאַם שווייגט אַל־מעשׂים׳דיקייט־וואַן,
קאַשמאַרן — בלויז אַן אָפּגלאַנץ פון מיסטעריעס מיט קאַלץ,
עס תהומען־אויף די שוואַרצסטע ברויזונגען פון שוואַרצסטן בלוט
צום מאַנסטער־פּלאַסט, וואָס ווידמעט זיך אין שלאַנגען־שמאַלץ.

און פוילוס־פּלאַמיק שוועבט א דעמאַגאָג צו שטיל,
און בויגט זיך טיף ווי אין אַ חלום גרעל
אין חושך־טאָל, גיהנומטן פון הינער־פּלעט,
און ס׳זוכט אַלוועגיקייט די שטאַרע שפּרייטנדיקע קעל.

אין וואָסער וויזיע ס׳זאָל ניט זיין געהילט באַטרוג,
ווערט פולער אַלץ דאָס האַרץ מיט שלאַכטן שווינלאָז־טיף,
ביז וואָן דער גאַנצער סם פון דעם גיהנום־צוג
וועט ניט פאַרריזלען און פאַרוואַנדלען אין א מיף.

# אין אידיש לאַנד

טינע טרייסט די זקנים פון דעם אינפאנטילן גדר,
ווער האָט אויסזילבן געקאָנט א נס פון זיסע חלב־טריפן?
שוואכע ראיה, — אָט שטראָמען בליצן אונטער אייביק־לעצטע רעדער,
און יעדער לעש טוט הויך ס'געבורט פארטיפן.

אָ בארד, — אין אידיש־לאַנד וואו איז דיין זונדערלינג?
ווער צוויטשערט אין דער ווייבער אלטקייט ס'שם־הויה וואָרט?
ווי ראר, געהיימפול, — אין קשאקעם פעטשלען זיך אין רינג־א־רינג,
ווען וואַן שקראראדנער מיט א פייער־סדר לאָרט.

קלאָגן לאכפייגל אפער פון קרישליקע מצבות,
בריענדיקער שניי צעגייט אין קאמופלאזשן־גלאַנץ,
ווער שווערט אז ס'רעגנבויגנען פליגל־פים דורך אלע שיבות?
אָ פאָלק פון געטלעכער פארלוימדונג, פון אייביק־גוססדיקן שאַנס.

שרעטלעך זיצן אויפן פולט און לאנגזאמען דאָס וואגן,
דאָס דרעמלען טראנסלוצירט די לאָרבער־קרעץ מסעות.
וואָס וואקסן פארטיקע פאר אלעמען געהיימע סארקאָפאגן?
אָ דאָס זוכן און געפינען און פארשליידערן דאָס גרינטלעכע
פון יעדן טעות.

גאָט, אפשר רחמים אין לעצטן אָפּוויש פון דעם גסיסה־שוויים ?
איז אויך אָן אָפּשפּעטער דער סבלנותדיקער עקווינאָקס ?
מערקור אדורך, — ווי שנעל צעהימלט און ווי הייס,
און טיף אין לעצטע אָרגיעס נידערט שטיל אַ ווייט־פּאַרטראַכטער אָקס.

אַ טויט־סך־הכּלען, צו וואָס דאָס פליגלען צווישן שכינה־קעפּ ?
באַגרעבער, לאָזט די מתים כאָטש ס׳געבורט פאַרפּייפן.
פּלאָנטער ? — אַ קלאָרקייט פון פאַרניצטע קרעפּ,
ווען בלויז געבורט קאָן הויך דעם טויט באַגרייפן.

# די אידעאַלע לאַנדשאַפט פון דער דיופּאָן דע נעמור קאָמפּאַניע

נבואה, בייז־פרייד, שלאַכטפעלדיקע רוימען
זוכן זיך אליין דערמאָנען צונויפגעשלומערטע אין יעדן
באיאָנעטן־בייט:
פּליסטערט לאַנגווייליקער רעגן מיט פאַרשטומטע טרוימען,
אויגנלאָזע נאַכט קלייבט וואַניק אלע טויטע רייד.

וואָס איז צו דערמאָנען? סאַרא טויט איז דאָס?
אַזויפיל חרובדיקייט, אויסגעשלונגענער פון שוואַרץ־בלוט,
שרויף און יאָדער,
און זינען ענטפערט ניט און ס'פרעגט דאָס האַרץ ניט וואָס,
און ס'פירט אפילו ניט דער גאַנג אין פּראַקטיקייט פון אַן אָדער.

צומאָל צעשרייען זיך ווי סאָוועס אויפגעפּנימטע קרעסצענטן,
פאַרשלונגענע, צעשפּרינגען זיי אין טכויר, ראַץ, מויז,
און ווערים זוכן אויך דערמאָנונג: לאַנג־פאַרשוואונדענע אקצענטן,
און שווינלאָז רודערט־אום אַן אנקער, זוכט פון גרענעצן ארויס.

האָט דאָ היסטעריע אויך געזונקען זיגרייך אין די טיפן;
איז זים געווען? איז דאָס געוועזן שאַרף און לאַנגווייליק געגוג?
און וואָס האָט דאָ געשוואַנקט און וואָס האָט מען באגריפן
אין יעדן תהום פון יעדן טרינקענדיקן צוק?

# אין נאַכט פון לאַנגן מעסער

און בלויז דו האָרכסט
און בלויז דיין אומגעזעענקייט פאַרנעמט

דערפאַר ברעכט זיך דער טאָג
פון דער נאַכט מיט אונדזער
נגישותדיק בלוט.

וועמעס שווערד איז אַדורך
וועמעס ? דורך אַלע צעגליטע חלומות ?
און די ווייסע לאַם איז
און איז ניט גענענט
איז ניט גערופן
איז ניט געפּרואווט
ניט קיין נאָמען ניט קיין זעל
ניט דערלייזט און ניט געפּעלשט
און דורך אונדז איז וועמעס
שווערד אַדורך וועמעס
דורך אַלע צעשפּאָטענע חלומות ?

און בלויז דו האָרכסט
און בלויז דיין אומגעזעענקייט פאַרנעמט

דערפאַר ברעכט זיך דיין פאָלק
פון דער נאַכט אין אונדזער
פאַרגוואַלדיקט
פאַנאַנדער־געשוועגגערט בלוט.

און בלויז דו
בלויז דו פון אונדזער טיף
פון אומגעהויערע
גאַל־ און שוועבל־געוויסערם
פון פאַרבאָרגנסטן פינטל אורליכט
וואָס האָרכט
וואָס פאַרנעמט
וואָס דערשווייגט דיך
וואָס דערגאַנצט דיך...

זיינען מיר מיט געוואַלד
זיינען מיר מיט הכנעה
דער שליסל
צו דיין צונג
צו דיין לענד
צום קבר און גיהנום
און צו אַלע מיתה־משונות

און מיר זיינען שוין אינגאַנצן איבערגעבראָכן
אין הייליקע שפּליטער־קנאָכן
צעשפּיגן
און מיר זיינען צעבליצט
און פאַרלאָשן
און ווייל מיר נעמען זיך אין קראַמפּן
אַליין צונויף,
קנעטן זיך אין
אייגענע געוואַלדן אויס
און דורך אַלפי־אלפים טויטן
מענטשן־זיך־אויף
פּלוצים
אין שלאַקס־אויפּריים פון פייער

דערפּאַר
דערפּאַר ברעכט זיך דער טאָג
ברעכט זיך דער טאָג פון גיהנום
אין אונדזער
בלוטלאָזיקייט.

און בלויז דו האָרכסט
און בלויז דיין אומקגעזעענקייט פּאַרנעמט

דורך פּאָנען און מעסער
מסור און צעהאַקטן צישן
צווישן מיתה־גאַרונגען און נגישות־געלעכטער
צעבליצטע תליות און געפּעלשטע ראיות
פּלאַצט די געשוואָלענע נאַכט.

און בלויז דו האָרכסט
און בלויז דיין אומגעזענקייט פּאַרנעמט

און שוואַרצע געוויסערס קרייצן
זיך דורך
און רויטע שוועלן־אויף אַנטהויטיקט
און ברעכן זיך איבער
וואַרפן זיך איבער
פּאַרשלינגען אָנ׳סופ׳יק
אין קראַמפּן און ליאַרעמס
איינס דעם צווייטן
אַלע גיהנומס אויסגעשלונגען
און דורך זיי פּלאַצן און וואַרפן זיך
פייערן איבער
מיט באַנומענסטע קולות האַרץ־וואָרצלען

בלוט־וואָרצלען
זרע־וואָרצלען
רייסן זיך אויסצעגרונטעווען
די גאַנצע וועלט־וואָרצלונג.

און בלויז דו האָרכסט
און בלויז דיין אומגעזעענקייט פאַרנעמט

און ווען די זונען האָבן זיך
אָנגעגאָסן     אויסגעגאָסן
צעגאָסן איבער די קאָכיקע געוויסערס
האָבן בלוטלאַנג זיך געשטילט
די וואַסערן און מעסערדיק־ווילד
זיך געטיילט מיט תהומען
און געוואָרן פאַרשלונגען אין גרונטן;
אין פייער און פראָסט
אונטער האַמערקלעפּ פון יום־הדין
שפּרייט זיך די בלוטיקע עכאָ פון נאַכט
געבערנדיק לאַנגזאַם
די געשחטענע לאַם
ניט געזיניקט ניט
געפּרואווט
ניט קיין נאָמען ניט קיין זעל
ניט דערלייזט ניט געפּעלשט

און בלויז דו האָרכסט
און בלויז דיין אומגעזעענקייט פאַרנעמט

# דאָס געזיכט

איבער די חרובע גאסן: –
נעפּל־אָקרענטן צעאָוונט
שווימען אין שווילע גרימאסן,
איבער זיי — אַן אומבאַשטימט געזיכט.

אַן אויפהער רווישן־ארויף פּאַרפּייניקטע מעננעס,
לבנה פּיבערט טומאַנען,
נאַכטיקע וועלבונגען קערן זיך איבער:
אַ געטלעך געזיכט אויף שלאַנגיקע לאַנען.

פאַרגאַנגען דער ים׳יקער רויך,
געקרוך פון רויגן און בעז,
שווימט־אויף אַ תליה, אַ קוימען
און אַן איינציקער מת.

שרייען סירענעס מיט פרעכער שרעק:
„שטעלט זיך מיט מעסער אין ליכט״.
מיט טויטע טריט פון פּרוזדור־דעק
טויכט־אויף אַ באַלזאַמירט געזיכט.

וואַרטן קאַמיסיעס מיט גאולה־הספדים,
דעקט זיי שטויב־צייט שיכט נאָך שיכט.
דורך אַלע נערוון, שיקאַנען און תליות
אַנטרינט ס׳פאַרשאָלטן געזיכט.

פון שטאָלענע קעלערס צעשיכורטע רגע
צעעפנט גרויזאַם איר מאָרד־שאול,
פאַרבליצט און צעאָטעמט אין געטלעכן אַשן
שלאָפט רואיק ס׳געזיכט אין גרויל.

# געטער

דער טאָג פאַרפאַליעט סטאַיעס טערעמער, פאַבריקן,
צעוואַקסט זיך קרום אין פורפל־אַש און רויט,
מיט הימלען זינגט ער שטום אויף אויפגעטייכטע בריקן
און בליצט אָפּ חיותדיק פון אַלע ראַנדן — טויט.

ווי שטיל דער דעמער פייניקט זיך מיט רו אין טוואַנען,
און חרובע סירענעס — טיף אין זעל,
ווי שטיל, — אָפּגעשרפעטע פון גיהנום שוואַנען
זשאַווערן אויף יעדער שווימענדיקער, לאַנג שוין טויטער שוועל.

און שפּעטע אָגערס זעצן שטויב אין טוי מיט שנאה,
די צייט צעשפּריצט זיך גאַפנדיק, אָן שרעק, אָן גייץ,
און לעבנס־קערנער — אַלעמאָל פאַר אייגענער רואינע
גרייט מען פּאָרזיכטיק מיט תליות שווערד און קרייץ.

פאַר תלינים־הענט, אפילו אָפּגעטריבענע פון שטראָפן,
— מלאָכים דעקלאַסירטע פול מיט קניקסן.
צעשנאָבלטע געדאַנקען פּיקען בלוטיק סטראָפן,
און לאָזן פלאַץ פאַר סודות און פאַר ביקסן.

אין אָוונט־הימל זונען אַלע געטער איינגעשפּאַנט אין סאָכעס
און אונטן — פּעכט די קרעץ די דייטלעכקייט פון גאָט,
עס נידערן מיט פינצטערע פאַרדראָסן שכלדיקע ברכות
און מאַכן שלום, וויינענדיק, מיט יעדן צביעותדיקן טראָט.

דורך פירמאמענט־פּראָצעסיעס עפּענען זיך ווידער ריזן־טאָוולען
לאַנגזאַם און אַליין,

אַ וואָרט ניט אויסגעקריצט, ניט איינגעזייט קיין זאַנג,
וואונדערט אונטן זיך דער שלאָפנדיקער דענקמאָל־שטיין
אין טויטן אָפּשיין פון לאַנג צעשמעטערדיקן זון־פאַרגאַנג.

# הויכע שעה

פון אש־שגעון שטראָמען אַלע ווען־ניט־איז געזאָגטע ווערטער
און גנאָמען־אויף ביים אונטערגיין פאַרבליצטע אין פאַנטאָמען;
אָ פּיין פון זעען פּלוצים אַלע דורכגעלעבטע ערטער,
פון הערן ווייטן בויג פון דיין צעבליטן נאָמען.

אין נאַכט אין אייביקער פון אויפשטאַנד, פון דערקענטניש
ביטער־וויסט,
לעשן ניט די ים׳ען פונקען פון קברים־ערד צעשפּליטערט;
די ווייטע וואקסנדיקע שעה מיט דולע שפּרוכן פליסט
און טיף אין טויטן אָטעם־קוואַל אַ וואַנזין סטרונע ציטערט.

אַזויפיל אורן, — זיינען קיינמאָל ניט געווען קיין יאָרן?
און דו אַליין — גאָר פייער־מעוועס שטאַרבנדיק אויף ריפּן
און באַלד צעוואַנדלט: נעפּל־שטראָמען אויפגעריסענע אוזאָרן,
און ווער קאָן פרעגן: האָסטו עפּעס דאָ באַגריפן?

און וויפל אַלץ איז ניט באַקלאָגט געווען — געבליבן אומבאַקלאָגט;
געווען, געווען, — ווי שווער צו גלויבן אז ס׳וועט ווייטער זיין
אַ זיין;

עס האָרכט די צייט צעגלייזט, — ניט שטייט, ניט שלאָגט;
ביסט קיינמאָל ניט געווען, און אייביק שוואַרצט אַן אויפגעשוואַרצטע
שיין.

# שטומקייט

געוועזן שטרייט, גיהנום אויך געוועזן,
ביים ברעג דאָס מידע וואסער בעט פאַריינס גענאָד.
אין קאַלטן כישוף וואקסן מענטשלאָזע פּאַלייען
און נעפּלען זיך אַרום דעם אָוונט־גראָט.

די סעודה שלעפּערט איינזאַמקייט און חלומט פון באַריר,
עס שווימט די גאַס אויף שווארצע שפּיגלען און קאַשמאַר,
און ווילדער כאָר דורך אַלע עדות שטום־פּאַרטראַכט
פאַרגליטש זיי אין פאַרחלשטן ווירוואַר.

געוועזן טויט און לעבן אויך געוועזן,
ס׳צעפּליט און זילבט זיך נאָכאַנאַנד א טויאיקע געשטאַלט
און מענגעס דאַכן, טערעמער און שפּיצן
צעטראָגן רגעווייז דאָס וואָרט וואָס שטראַלט.

דער וועלט־עקראַן איז מיד פון גליאיקע חלומות
עס זינגט וואו אייטל אויף. עס רויכערט וואו א טראָט.

און גרעלער הימל־שטויב צעאַשט און טיפּט דעם רוים
און שטום הערט זעל די שטומקייטן פון גאָט.

# פאבריק-גאַס

ביים הימל־ראנד בינדט אויף דער דעמער
די קראַנקע באַפּליגלטע פּיס,
לבנה טראָגט רויכיקע עמער
אויף אַ פינף־שאַרפיקן שפּיז.

מיט ציפערן קאָשמארט אַ מויער,
מיט שפּורן, וואָס שרייען וואו אויף,
פארשלאָסן דער פאַספּאָרנער טויער,
פארשראָקן פון רינשטאָק דער לויף.

פּעך־וואסער פּנימט די בארזשן,
שטאָט־וויינט — דעם קוימען און טאַנק,
ס'האוואיען עלעקטרישע שארזשן
אין שטערן־שפּיץ־טערעמער גאנג.

געלענקלאָז ביסטו דורכגעשוואומען,
אָ פּענצטער, באַאויגטע מיט פלאָם,
כ'געדענק נאָך דעם אָפּגרונט פון בלומען
און שטומקייט פון געטלעכן סם.

# משפט

ביים טייך איז וואונדערלעך דער אָוונט,
די שטילקייט וואקסט מיט דורכזיכטיקן בלוי,
אין זילבער שלאָפט זיך צוויבערדיק א טשאָוון,
פון דיינע וויעס זינגט דאָס אָנקומען פון טוי.

עס רויכערט זיך א טרוים אין שפעטע יאָרן,
ווי וועסטו אויסזען אין דעם שיין פון גרויל
רואיק וועט מיין ברעם ווערן פארפראָרן,
פייגל וועלן צאנקען ביי מיין מויל.

אין לעצטן יום־טוב וועט מיין טראָט באטרעטן
דעם שארפסטן ראנד וואָס בלויז א שטערבלעכן באשערט,
אָ, שארפער, פלוצימדיק־צעבריטע שוויגן,
אָ זיסער, איש פון ערשט־דערפילטער ערד.

אייטל־טרוים — ווי וואכיק־וואָר,
זאָג, — שוינלאָז־בליענדיקער רמז,
זאָג, — ווער נענט פון ווייטע יאָרן קלאָר
אין וואונדערבארן טויט פון אמת ?

# מאָרגן-קעפּ

דו לאַז שלאָפט א מידער רעגנבויגן,
היט די פליטער־שפּיזן אויפן טייך;
קוים צו הערן שפּרוכן פון פארסמטע רויגן,
קוים צו אָנען זין פון היטן שלייען־רייך.

פליטער־בליטן ציען לידערהאפט צום נאכטיקן לאנצעט,
און ער, פארסומנעטער, זעצט טיפער אַלץ אין רוים.
וואָס —דער שפּרייט פון נעפלדיקער זעט?
וואָס — דער כישוף מיט דער גיטיקייט פון טרוים?

סתּירהדיק וועט מיטנאכט בליצן מיט צעשארפטע שטראָזן,
אויפזינקען דעם שמוק פון יעזוס־זיסע היכלען,
פאקעל־שווערדן וועלן פירן מיך צוריק דורך שרעקעדיקע גראָזן
און בלאסן וועלן זיי מיט אומבאַשטימטע שמייכלען.

צייטלאָז וועלן וואקסן מאָרגן־קעפּ אויף פּרעריס,
אָן א סוף — אנטבלויזטער גאנג צום חלום־עשאפאַט,
זינגט דער ווינט פון גרונטן ווערטלאָזע מיסטעריעס,
יואָס מיר איז באַשערט באדויערן מיין גאָט.

# קאַפּטשעש אַ קאַפּליצע

הויך פּליסטערט שטאָלץ אַ בי־פּלאַן,
צעשאָטנט רודער־קרייז,
ביי אַ נייעם מיסטקאַן
שווערמען אַלטע טייז.

טריט פון פּליטע־ראמען
טראָגן וואונד אויף וואונד,
אווטאָס ווי אויף קאמען
זינגען אונדזער בונד.

גאַס־געזימסן טרינקען
פּורפּור און פאַרגעבונג,
אין שלייפן אָוונט־זוניק
זינקט אַן עכאָ־וועבונג.

פון שווענל און פון רעדער
צעסערפּט זיך שטאָלצער גאַנג,
פון אָטעם וואקסן סעדער,
פון הימל — לילא־זאַנג.

פליען מילכן־פענצטער
מיט פארלייגטן רודער,
קרייצן דורך געשפּענצטער
מיך צו זען, דעם ברודער.

ביי מיין זעל א סאָווע
זיצט זיך ווי א פריצע,
ביי די פּיס ליליאָווע
קאָפּטשעט א קאַפּליצע.

# זיג

ווער וועט ענטפערן אין טאָג פון לעצטע פּריפן ?
וואָס וועט זיין די גנאָד פון ערשטן דין ?
שפּאָטיש לאַנגזאַמען דורך טיפסטע מיפן
הרודעס מיט שאוליקן סקאָרפּיאָן און שפּין.

אין לויף פון בייסנדיקן פּרוכפּער און פון גאַל־געפּעכט,
אין שוימען־שווינדל, אויפטויט און פון קוואַל־געוויין
זיסט אַ רואיקע ליטורגיע, און פּרעכט,
און שלאַנגען גענעצן און שמייכלען דורך געשטיין.

וואָס שלאָפט געצאַמטער פייער־האָגל, בלוטיקער געוויטער־בליץ
אין הויכער ספירה אונטער זיגלען אויף מטטרונס טויער ?
און נאָר די אָפּגלאַנצן פון רחמימדיקע הענט, פון ציינער־קריץ
פויזן אָפּגענאַרטע איבער וויסטע הימל־מויער.

און וויפל יוחננס צע׳סמ׳ען שטראָף און שנאה,
און וויפל פּעכטונגען צעהייליקטע אין הארץ פון העכסטן זין,
צעשטראַלטער זיג, אַ גאָט, קרימט־זיך זיגרייך אוים מיט שפּאָטן־מינע
אין הרודעס מיט שאוליקן סקאָרפּיאָן און שפּין.

## גאָט כאַמעלעאָן

דער לעצטער פאַרגייענדער שאָטן
צעשאָסן — (פאַרוואָס ?) —מיט בלענד ;
וואָס שפּרעכן צעשראָקענע שראָטן ?
וואָס יובלען פאַרמשפּטע הענט ?

אויף קעפּ־כוואַליעס טאָפּיען זיך דיסקן ;
מיט ספּאַזמען שפּאַסט אַ האָן,
באַגייסטערט אין וואַניקע סטשיסקן
פון אַלץ וואָס ער האָט ניט געטאָן.

לאַנגווײַלן בלוטיקע דיסקן,
וואו איז פאַרטרונקען דער האָן ?
עס קרייט־אויף א זשאַבע אין סטשיסקן,
צעשאָסן דער גאָט כאַמעלעאָן.

# שוואַרצע לייטערונג

צאָרנדיק עפּענען זיך פּלאַכעס,
שווימען שטיל אַפּער מענגעס שאָטנס פון מארטירער,
פון טויטע שאָטנס שלאָגן טויטערע אָרביטן,
און טויטער־נאָך — די זיגרייכע פּארפירער.

און די וואָס גאַפן אין אַפּאָקאַליפּס,
זעען זייער צייכן אויף יעטווערן שפּיגל:
פּנימער מלחמהדיק צעקנאָטן,
רוקנביין שראַפּנעליק אויסגעברענט,
און ביז וואָרצלען אָפּגעברענטע פליגל.

שרייען אייזן־שטיוול וואניק־ניכטער, וואניק־שווינלאָז:
„גרויס איז אייער ווילן, וואָס איר לאָזט זיך קנעטן,
„שפּרינגט אין פייער, אין קאַלך־אויוון ווי ציגל,
„און מיט זיך — אַלע אונטערדריקטע זעטן.

מאַגיש ציט דער קאַלך־אויוון יעטווערן קרבן,
זעצט אים שוימיק־טיף אין פייער,
טויכט אים בלוטלאָז־הויך אין פלאַמען:
„דו מעכטיק־זעלטענער באַפרייער“.

און צאָרנדיק עפנען זיך נאָך אַלץ די פּלאַכעס,
און מאַגיש ציט דער קאַלך־אויוון:
„איך לייטער דיך, אָ פאָלק, קיין אנדער לייטערונג ניטאָ;
„איז דאָס ניט דיין געהיימער ווילן?

# אין אָפּגאַנג

פאַרבלייב מיט מיר, איך טרוי ניט קיינעמס לידער.
מיר דאַכט אַז שענשין־פעט האָט זיי געזונגען וואונדערשיין:
ס׳קלאַוויר זיינס האָט געוויינט אין טיפע סטרונעס, מידע,
און אויך דאָס גרויסע האַרץ טאָלסטאָיס האָט מיטגעיאָמערט וואונדערריין.

אָ, גלויב ניט מיינע רייד, איך בין אַ פאַלש, פאַרלאָרן רעשטל
פון אַן אימהדיקן אָפּגאַנג אין דער וועלט.
ס׳לעשן זיך די קראַנקסטע נערוון אין דעם קלענסטן נעסטל,
און איך — כ׳קאָן אַלץ ניט שטאַרבן אין דער מלאך־המותדיקער קעלט.

פאַרבלייב מיט מיר. איך גלויב ניט אין קיין ליבע.
איך רעד צו דיר. ביסט גאָר ניטאָ. און כ׳וויל ניט וויסן ווער דו ביסט.
און כ׳רעד אַזעלכע רייד, ווייל כ׳שעם זיך פאַר די יאָרן טריבע,
וואָס כ׳האָב געפונען און פאַרשפּילט אונטער דעם טייוולס ליסט.

# אייביקע מוטער

אַ מוטער אייביקע, איך שטייג אויף דיינע שעהן,
אומגלויביק, דורשטיק און פאַרשווענט;
אין קוואַלן פון דער צייט, אויף לויפנדיקע פייער־קלאָען
פאַרלירסטו מיך, איז דאָס דער שכר פון קנעכט?

אַ פינצטער ליב איך דיין פאַרגרויזאַמט שריפט:
ס'באשאַף — היסטעריש, אייגנליביק, קראַנק;
אומענדלעך פלאַצן מעסערס און דער שיקזאַל טריפט,
איז דאָס דער מיין פון דעם פאַרנופטן צוואַנג?

געשלאָסן זיך אַליין אין ביטערדיקע מענגעס,
ברען איך טריי דורך דיינע פייניקדיקע צוימען,
צעלינטשט, און האָך אין דיינע שרעקנגעס,
טרעט איך פול מיט ליבשאַפט, גלויבן, האָס אויף דיינע טרוימען.

נאָר כ'ברעך מיין האַרץ אַריבער דיינע שטורעמס
פון קומענדיקע זאַגאַס און דעם לעצטן מוטער־מיין,
געבורט — אַ צופאַל אין דעם טויט פון פורעמס,
איז דאָס דאָס רואיקע און לאַנגזאַמע פאַרשטיין?

# דער ווייזער אויסער צייט

שטומער הערבסט. די שאָטנס וואַקסן איבער אַלע הערצער.
די פּעטליע הענגט נאָך. היינט פאַרצי איך אַלע שלייער.
אין צונטער גראָז וואַרט סוף פון מיינע שמערצן.
די ווינטן רעדן שטיל. וועקן אויף פאַרגעסונגען אין קאַלטן פייער.

שטומער גזר. לאַנגזאַם רייסט אַ חשבון זיך פאַנאַנדער.
די טויערן צערונען. פאַרלאָשן נאָך אַ צופאַל אין דער וועלט.
טאַשט דער טאָג אַ פוילער דורך דעם נייעם וואונדער.
לייגט זיך טויט. עפענען זיך פּעטליעס פון דער צונטער קעלט.

שטומער אָפּפלוס. אַ ווייזער אויסער צייט, אַליין אַרויסגעשפּרונגען.
עפענען זיך תהומען. אַ פייער־פּינטל קרייזט משונה־ווילד.
פינצטערן צווישן פייער־קרייזונגען ווירקלעכקייטן אין סאַטירן־צונגען.
קאַלטער הערבסט. אַלע ווערן זינלאָז איינגעשטילט.

# דער דערטרונקענער

די בריק שטייגט גרויזאַם
אין געפלאָכטענע וועלבונגען, אַליין,
ביים פאַרהאַלטענעם היסטערישן אויפפלאַץ
און לאַנגזאַם־שטראָמיקן שפּרונג,
ביים האַרץ־געפעלטן איבערגוס,
פאַרצי איך אַלע
שלאַנגישע בליצן אין מיר
ארויף־צו, אַרויף דורך מערנדיקע
געקרייציקטע שטאבעס און שטיגן
צום פאַרשאָלטענעם געשלאָסענעם הימל.

די גיהנום־אויגן העלן ווידער־אויף,
אין דאָס ריזיקע וואסער אין אָפּגרונט
כוואַליעט לאַנגזאַם אין בעהעמאָטישע פאַלדן
און שווייגט אדורך מיט באַנומענער קעלט
און לערער אייביקייט
דורך פוסטע לאַבירינטן־שטראָמען און
אומגעהויערן זינלאָזן זיין.

און ביים שווערסטן דערטראַכטן זיך,
און ביים גרעסטן ווייטיק אָנצוהייבן ענטפערן,
וועל איך פילן ווי וועלפיש־הונגעריקע פישער
שלאָגן זיך אָן אין מיינע דערטרונקענע טרוימען
און גייען־נאָך און שאַרן־נאָך
מיט דריי־שפּיציקע פייערדיקע שפּיזן

און זוכן מיך אַרויסציען דורך אַן־אויפהער בייטנדיקע:
שאַרפן ליכט און קאָכיקן פּעך;
און מיינע אָדערן וועלן ענטפערן
שטום און געהאָרכזאַם און פּראָסט
מיט ברוינעם בלוט.

ביי דער פארטויבטער געפילדעריי
פון גרילן, מעגאַפּאָנען און שטורקאַצן
וועט דאָס טיפע גראָז עפענען
טיפע אויסנעסטונגען און מיך
פארנעמען אין טויבן שוים.

און חלומות וועלן מיך וויקלען אין
מיליאָנען הענט וואָס בינדן און
קניפּן און שפּינען און שפּילן אויף די
געפלאָנטערטע וועלבונגען פון דער
שטייגענדיקער, ברייטנדיקער, וואַקסנדיקער בריק,
און דער תהום וועט טאָגן
און אַרויספירן שפּינענדיק, ליכט־בייטנדיק
אַלע ים־קאַמערן, אַלע לאַבירינטן־שטראָמען,
און העפטן זיין מיט זיין מיט זיין.

# יעקבס חלום

צווייאיק שאַרף, צווישן פעלדער אויסגעדאַרטע ריטער,
ברענט אַ שווערד אין שוואַרצן ליכט,
פון טאָלן גייען־אויף מאַסקירטע שניטער,
און ליגן מענטשלעכע קרבנות פאַר זיין אָנגעזיכט.

פּלוצים קומט פון אונטער ד׳ערד אַ גרויסער דראַכן,
שפּרינגט דער שווערד פאַנאַנדער אין מיליאָנען פייערדיקע שלאַנגען,
שטעלט דער דראַכן זיך צווישן ברענענדיקע שלאַנגען וואַכן.
קומען פאַרמאַסקירטע שניטער מיט קרבנות פריש געפאַנגען.

שטראָמען־אויף שאַקאַלן מיט אַ ראַשיק יובלדיק געלעכטער,
אין שמוציק־ברוינע מחנות דורך די אויסגעדאַרטע ריטער,
פאַלן פאַרן גרויסן דראַכן, זייער טרוים און זייער וועכטער,
און בוקן זיך צוזאַמען מיט מאַסקירטע שניטער.

פונם הימל פאַלט די פינצטערע לבנה,
ווערט דאָס שווימלענדיקע פעלד אין אָפּגרונטן פאַרזונקען,
גייען־אויף פון טיפן, מיט אַ זיניקער כונה,
מעננעס לייטערס שטיל אין לויטער ליכט געטונקען.

שטייגן אויף די ווייסע טרעפּ, ווי פון אַ נס געטראָפן,
אָפּגרונטיקע מענטשלעכע קרבנות,
שטייגן הויך און קרייזן־אָפּ, אָן פליגל, אין אַ הויכן שלאָפן,
און ס׳בליען פונם אָפּגרונט זיבן ליכטיקע לבנות.

און צווישן די לבנות: אַ פייערדיקער שליסל שוועבט אַרום,
און שליסט זיי אויף: עס שטראָמען בלענדנדיקע לאַנען,
און רופט: שטיי־אויף, און נעם מיך איצט, און קום,
האָסט אַלץ געזען, און אַלץ האָסטו פאַרשטאַנען.

# די האַנט

פאַרוויש מיך, דעם בליץ־ברוך,
מיך, דעם וואכנדיקן מת:
מעק מיך אוים פון גרונט־בוך,
מיך, וואָס לעבט בלויז אין פארגעס.

אין מיליאָנען־פלאַקער,
דעם אַלטן פעניקס־פאָלק אין דער,
ריים מיך אויף, דו נייער אקער,
זעיסט מיין אמת אין מיין יער.

פאַרוויש מיין שטאַרבנדיקן שאָטן,
פארפול דעם פעלנדיקן רינג,
וואָס שלומערט הינטער אַלע זאָטן,
הינטער אַלע סיבות און באַצווינג.

און ביים אָנזאָגער דאָס מעסער
צעשטויב אין פלוצימדיקן ליכט;
זאָל דער שופט ווערן כתר,
זאָל נענען גאָט דורך זיין געזיכט.

# דער רויטער רייטער

דער רודער בליצט אין דעמער,
דער טייך גייט־אויף אין רויט,
פון ווייטן ברונעם דראָט אַן עמער,
פון נאָענט לאָקט דער טויט.

אַ כמאַרע פייערפליגן
פאַנגט אונדז אין שאוואר,
אין פלאַכע קרייזן ליגן
פּלעסניע און געפאר.

און מיד, גערעגט פון גרילן,
שלאָפט איין דאָס אַלטע הארץ,
און פלוצים: זוך־ליכט צילן,
און ברענען דורך דאָס שווארץ.

די רודערס צישען ווידער,
די פרייד־ליכט —נאָענט, ווייט,
דער טויט — געזונגען לידער,
אַ רויטער רייטער רייט.

וועק־אויף, אָן בלוט, דעם שטאָלצן מענטש,
דעם לעבנרוף פון שאָטן־וועלט,
זאָל בליען טאָגיק ס'האַרץ וואָס בענטשט
דאָס מילדסטע וואָרט ביים גאָטס געצעלט.

און עפן־אויף יעטוועדע חתימה
אומבאַפלעקט, אָן אומשולד־בלוט,
פון ווייטסטע זעגלען יעדע שטימע
צינד־אָן מיט שענסטן לעבן־גלוט.